




:: משה בראָדערזאָן ::

# די מלכה שבאָ.

„די מלכה שבאָ" — דראמאטישע פּאָעמאַ
:: פון משה בראָדערזאן ::
צייכענונג אויף'ן שער בלאט פון דעם מחבר.
אלע רעכט פון איבערדרוקן, איבערזעצן,
:: און אויפפירן געהערן דעם מחבר. ::
פארלאג „יונג-אידיש", לאדזש
:: תרפ"א — 1921 ::

# מלכה שבא.

והמלך שלמה נתן למלכת שבא את כל חפצה
אשר שאלה. (מלכים א׳—י׳)

אַ לויטערער פרימאָרגן אין שלמה המלך׳ס פּאַלאַץ די זון שיינט מיט אַ פלאַקערדיקער רויטקייט אַריין דורך די פורפורנע וויטראַזשן איבער שלמה המלך׳ס טראָן־שטול. דער דאָזיקער שטול איז פון בלענדנדן העלפאַנט־ביין געשניצט, און מיט גאָלד באַשלאָגן. צום טראָן פירן זעקס מירמלנע טרעפּן. די וואַנט פונ׳ם שטול איז קיילעכדיק. די הענט פונ׳ם מלך רוען אויף פּאָרענצן, וואָס זענען אָנגעשפּאַרט אויף גילדערנע לייבן. אַזעלכע גילדערנע לייבן זענען דאָ צוועלף, צו צוויי פון יעדער זייט אויף יעדן שטאַפּל. א. א. וו.

שלמה המלך. — דער מענטש, וואָס האָט מיט זיין גרויסער חכמה דערקאָנט דעם מענטשנס האַרץ, און וואָס איז געווען דער הערשער איבער אים.

מלכת שבאָ — אָדער בילקיס — די וואונדערבאַרע מזרח־מלכה, וואָס איבער שלמה מלך׳ס חכמה האָט זי איר שטאָלץ געבראָכן, און זיין גאָט — דעם איינציקן גאָט אָנגענומען.

פּרא אדם — אַ צונעמעניש פון דעם מלך׳ס לץ. אַ שאַרף און שפּיציק צאַפּל־מענטשל. באַוועגט זיך שפּרינגענדיק אויף זיינע הינערשע פיס.

ווייסע און שוואַרצע קנעכט — פון שלמה המלך׳ס חכמה, וואָס ליגן אומבאַוועגלעך ביי די זייטן פון די שטאַפּלען מיט איבערגעהויבענע קעפּ אין דער ריכטונג צום מלך, ניט אַראָפּלאָזנדיק פון אים קיין אויג.

אַ שקלאַפין — דער מלכה שבאָ׳ס — אַ מתנה דעם מלך

דער מלך שלמה אָנגעטאָן אין פורפורנע בגדי שש, וואָס זענען באַצירט מיט איידלשטיינער און מיט גאָלד געשטיקט — זיצט אויפ'ן טראָן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און די עלנבויגנס אויף די פּאָרענצן געלענט. אונטן, לינקס שטייט פּרא אדם די אויערן פּאַרשפּיצט, און די אויגן אויסגעגלאָצט צו דעם אַריינגאַנג, פון וואַנען עס הערט זיך אַ לוים־געזאַנג — באַגלייט פון האַרפן:

„צו דוד'ס זינגער — דער געזאַנג —
„דער נאַר אין האַרצן האָט געזאָגט:
„עס איז ניטאָ קיין גרויסער גאָט!

„פּאַרדאָרבן אַלע זענען זיי,
„פּאַראומווירדיקט די מעשים — שלעכט,
„און קיינער טוט קיין גוטסקייט ניט.

„יהוה קוקט פון הימל אויס,
„יהוה קוקט פון הימל הויך:
„ער קיקט אויף מענטשן איצט אַראָפּ,
„צי איז ניטאָ צעווישן זיי,
„צי איז פאַרהאַן אַ קלוגער מענטש,
„אַ קלוגער מענטש, וואָס זוכט זיין גאָט". (תהלים, י"ד)

דער געזאַנג, וואָס פּאַרהילכט אין אַ שטילן ברומען — גייט ווי אין ווייטקייט אַוועק, און ווי אַ ווידערקול, וואָס פלאַטערט אום לע'ם שלמה המלך'ס טראָן־שטול, הערט עס שוין ניט אויף די גאַנצע צייט; פונקט די פליגלען פון דעם פאַרבענקטן פסאַלם וואָלטן דאָ זיך אין שטילן ציטער אָפּגעשטעלט, און געבליבן רוען.

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

**פרא אדם.** (גי'ט אַ צאַפּל אויף)

ס'איז גאָר ניט שלעכט...

**שלמה.**

שווייג, קנעכט!
עס איז מיין פּאָטערס דער געזאַנג!
אַ היילונג איז יעטווידער קלאַנג
פון אָט דעם ווייטאָקדיקן ליד!..
ס'איז יעדעס וואָרט פון דעם געזאַנג,
ווי וויין פון בענקשאַפט אָנגעגליט —
ווי וויין, וואָס סס'ען ברענט און בריט.

אַ טרויער, וואָס פון טרייסט דערציילט.
אַ בוימל וואָס דעם קראַנקן היילט.
דאָס וואָרט דעם גלייווער, וואָס עס ברעכט..

**פרא אדם.**

פון גרויסער חכמה איך, דער קנעכט,
איך האָב עס ניט אַרויסגעשיילט...
מסתּם האָב איך ניט גוט געהערט,
נאָר האָבן האָב איך ס'גיט פאַרשווענכט —
פאַרקערט —
איך האָב ניט אָפּגעשאַצט דעם ווערט!
נאָר דאָס געזאָגט מיט מיינע רייד,
וואָס ס'מענטשלעך נאַרעשקייט פאַרשטייט,
און גאָר!

**שלמה.**

צעלאָזן זענען אירע האָר,
ווי פיג'ם ירדן בלויע אינדן.

די אויגן, ווי די טויבן קלאָר,
וואָס מאַכן זעענדיק דעם בלינדן...

אַ הירש אַ ווילדן אַ געשווינדן
איז לייכטער מיט'ן בליק צו בינדן,
ווי אירן אַ גערדאַנק!
ווי שלאַנק זי איז און בלאַנק!
ווי אַלע קעגן איר פאַרשווינדן
פאַרבלענדט פון ליבע קראַנק,
ווי ווינטן — קעגן גאָלד פון שטראַלן;
ווי וואָלקנס פונ'ם בלויען הימל פאַלן —
ווען ס'שלאָגט זיך דורך דאָס ליכט!

אָ, גאָט ווי ס'איז איר קומען אימגעריכט —

פרא אדם.

„באַשווער איך אייך, אוי, טעכטער פון ירושלים,
ביי הירשן, אָדער ביי די אינדן פונ'ם פעלד!"
(אָן דער זייט)
ווייזט אויס, ס'באַפאַלט די ליבע איצט אויפסניי אים...
אַ מאָדנע וועלט —
וואו ס'ווערט די ליבע קיינמאָל ניט געשטילט!
וואָס טויג די חכמה, אַז די נאַרעשקייט נאָר גילט..

שלמה.

פון וועגן ליבע איז זי פונ'ם וויטן לאַנד געקומען,
אין איילבירט־איילן זענען אירע זיסע רייד,
די פירות פון איר רייפקייט זענען זיס צום גומען—
די יונגע פרייד!
ווי פאָרהאַנגען פון הייליקקייטן זענען אירע ברעמען.

פרא אדם.

מען דאַרף זיך קיינמאָל ניט צו שעמען,
און אויפדעקן די ליבע שטילערהייט —

### שלמה.

איך האָב אַמאָל געזען, ווי שנעל די זון פאַרגייט!
איך האָב אַמאָל געזען אַהירש אַ יונגן שפּרינגען,
און נאכיאָגן די לעצטע שטראַלן פון דער זון.
איך האָב געהערט די פוסטריט זיינע קלינגען,
און ס׳ווידערקול פון זיי אין אַלע בערג געהערט — —
און כ׳האָב מיין אויער צוגעלייגט צו דר׳ערד,
און לאַנג געהערט און לאַנג געהפּרט --
ביז ס׳האָט די ערד זיך אָנגעטאָן אין שלאָף!

אין שטאַלען האָט אין חלום מעלה גירה׳ט רינד און שאָף
זיך ווארעם קרוב׳דיק אַרומגעשמעקט,
אַרומגעלעקט...
אָהן זאָרג געשלאָפן פון דער נאַכט פאַרדעקט!

פון וועגן ליבע איז זי פונ׳ם ווייטן לאַנד געקימען
און זי — זי ווייס עס ניט —

### פרא אדם.

אָ, גאָט באַהיט,
זי ווייסט עס בעסער נאָך, ווי גוט!
צי האָט דער האַר פאַרגעסן,
אַז די פּרינצעסין
פאַרמאָגט נאָך זודיק בלוט,
וואָס קאָכט און זידט און וויל ניט שטומען — —

### שלמה.

פון וועגן ליבע איז זי פונ׳ם ווייטן לאַנד געקומען,
און ווי אַ זילבער־וואַסערפאַל פון הויכן באַרג אַראָפּ־
אַן אומבאַצוואינגענע, אַן אומבאַהערשטע...

### פרא אדם.

וואָס אמת איז: כ׳האָב ליב צו האַלטן קאָפּ,
ס׳אין לויט׳ן חשבון נאָך — די טויזנט־ערשטע...

### שלמה.

און אַלע קאַמערן פון מיינע גליקלעכע געדאַנקען
האָט זי געעפנט מיט דער שטאָלצער מאַכט
פון איר הכנעה!
איך האָב כסדר טעג און נעכט געטראַכט
פון אויגן, ווי די קוואַלן פון דער גאָטהייט בלויע –
די פערל פון די שמייכלען אירע – די געשאַנקען –
זיי האָבן מיך געמאַכט פון יעדן קלאַנג און ציטער
פאַר אַ היטער.
איך האָב געלויערט נאָך די בליקן=שפורן,
וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אָנהויב און קיין סוף.
און ווי אַ פאַסטעכל, וואָס זוכט דאָס ווייט=פאַרבלאָנדזעט שאָף
מיט רופן פונ'ם פייפעלע פאַרטרויערט —
אַזוי האָב איך מיט ליכטער פון די טעג און נעכט געלויערט
נאָך קלאַנגען פון די גאָלד'נע קייטן און די פערל=שנורן,
נאָך אירע האַלדז=בענדער, און ברוסט=בענדער, און רינגען,
ווי נאָך דעם זינגען פון די ווייכע טויבן=טריט.
איך האָב געוואָלט מיין האַרץ צו שווייגן צווינגען,
איך האָב געבראָכן מיינע פינגער...

### פרא אדם.

למשל, צו דעם טויזנט-ערשטן מאָל,
צי וועט עס ווייטער גיין אַזוי אָהן חשבון, אָהן אַ מאָס,
אָהן צאָל?
דער שכל און די חכמה זאָגט, אַז ס'איז ניט קלוג...

### שלמה.

גאָר אַנדערש זאָגט דער לעבעדיקער זינגער:
ניטאָ קיין גרעניצן — ס'איז אייביק ניט גענוג
צו דעם, וואָס גאָט און שיינקייט איז די קרעניץ!
צו דעם, וואָס אייביקקייט איז נאָר די גרעניץ!

און יעדער אָפּפער איז שוין פאַר זיין טויט פאַרדאָרבן,
אַחוץ דעם ליבע־קרבן —

**פרא אדם.**

כ'פאַרשטיי עס ניט — מסתּם בין איך געשטאָרבן...

**שלמה.**

פאַרשטייסט עס גוט!.. נאָר ס'שטערט דיר פיל דיין גיפּ־
טיק לשון.

דאָס גליק פון רעגנבויגן איז אין האַרצן דיר פאַרלאָשן,
פאַרלאָשן, ווי פון זון די פאַרבן אין דיין טרוקן שאַרבן,
און דו ביזט, ווי די קליינע פיקסלעך, וואָס דעם וויינ־
גאָרטן פאַרדאַרבן!

**פרא אדם.**

זאָל זיין אַזוי!.. נאָר אויכעט דאָס פאַרשטיי איך ניט.
און כ'שטעל ניט פאָר פון דיינע רייד די ציִלן...

**שלמה.**

אָ, מוז מען דען פאַרטייטשן אַ תּפלה צו אַ ליד?
און איינשרומפּן דערביי דעם מח און די ברעמען,
און מיט דעם שכל מיט דעם גישטיקן באַנעמען—
די שאָפּונג, וואָס עס בליט?
די גרעסטע חכמה איז דאָס פילן!
ווי ליכטיק, און ווי זעענדיק איז דער, וואָס פילט!—

**פרא אדם.**

און איך הקטן זאָג: וואָס טויג די חכמה, אַז די נאַרעש־
קייט נאָר גילט!

**שלמה.**

איך האָב עס שוין געהערט —

**פרא אדם.**

שאַ... הילכיק אינ'ם פּאַלאַץ ווערט
(צפנט אַ פאָרהאַנג)

זי איז שוין דאָ, וואָס דו האָסט מיט דיין האַרץ באַגערט,
זי איז שוין דאָ
די מלכּה שבאָ...

(די מלכּה שבאָ גייט אַריין מיט אַ שוואַנען־ווייסקייט באַהויכט — איז דערנענטערט זיך צום טראָן־שטול.
איר שענסטע שקלאַפין טראָגט איר נאָך אויף אַ גאָלדן טאַץ אַ שנור פּערל, וואָס הענגט אַראָפּ און פאַלט מיט אַ זיבּצן־קלאַנג, ווי אַ שימערירנדיק שלאַנג צו דער ערד — אויפ׳ן טעפּיך.
ווי אין אַ חלום גייט די מלכּה מיט דערהויבענע הענט אויף די שטאַפּלען אַרויף, פאַלט צו צו דעם מלך׳ס פּיס.
מיט אַ קיש אין שטערן הויבט זי דער מלך אויף, און זעצט זי אויף זיין אָרט.
די לוויים זינגען אין די דערבייאיקע צימערן)

**מלכּת שבאָ.**

געגריסט זיי, גרויסער מלך, אין דיין ליכטיק געלט!
געגריסט זיי אייביק פון דער גאָרער וועלט!
געגריסט זיי אויך פון מיר, דיין שקלאַפין!

**שלמה.**

געבענטשט זאָל זיין גאָט׳ס שאַפן!

**מלכּת שבאָ.**

איך בין געקומען איצט — דיין שוועל באַטראָטן,
צום לעצטן מאָל, אָ, מלך, וועט עס הײנט געשען!
איך בין געקומען אין דיין שאָטן
גאָט צו זען!

**שלמה.**

דער גרויסער ליבע, האַרין, קען עס נאָר געראָטן!
און מיין געליבטע איז אַצינד
אַראָפּגעבראַכט פון מזל׳דיקן ווינט —
אַ פרישער, שמעקנדיקער בינטל מור!

### פרא אדם.

עס שטעלן זיך די האָר ביי מיר קאַפּויר...
איך וועל ניט אויסהאַלטן, אוי, ניין!..

### מלכת שבאָ.

מיר זענען איצט אַליין?

### שלמה.

אַליין!

(ווייזט אָן אויפ'ן לץ)
דער דאָזיקער איז בלינד און טויב:
אַ וואָכעדיקעס זעמדל
אין לצים־העמדל —
אַ דורכגעברענטער שטויב —
מיין לץ, וואָס לעבט פון אימפעט און פין גאַל!
איך הער פון אים אַרויס די רייד פון כלל!
און די (ווייזט אָן אויף די קנעכט)
די זעען אַלץ, און הערן אַלץ, און זענען גוט און פרום —
זיי זענען אָבער קנעכט... זיי זענען שטום!

זיי רואיק, האַרין!

ס'שפּראָצט ליכטיקקייט און גליק פון אַלץ:
עס נעמט די פרייד אַרום דעם האַלדז — — —
די מענטשן אָבער שטאַרן.
די שקלאַפן,
ווי פאַרחוש'טע — גאַפן!

די דורכגעטריבנקייט — וויל ריידן,
און מאַכט אַ גיהנום פון גן עדן,
און זיך אַליין ניט צו פאַרשעמען —
זוכט כּלים אויס די בלינדקייט פאַר'ן גליק,
און פאַר'ן אויגנבליק —
זוכט נעמען!

**מלכת שבאָ.**

איך האָב היינט אָנגעקיקט מיין יונגן גאָט —
די זון...
איך האָב געמיינט — איך וועל זיך שעמען:
פאַרשלאָסן מיינע ברעמען —
אין כ'האָב דערפילט דעם גרעסטן סוד
פון דיין לייטזעליקקייט און דיין גענאָד...
איך האָב דיין גלויבן און דיין גרויס פאַרשטאַנען!

עס האָבי, ווי די גאָלדן־שוואַנען
די שטראַלן־העלדזער זיך געצויגן,
אַריינגעשוואומען אין דעם דאָרשט פון מיינע אויגן,
אין ים פון בענקענדיקן דאָרשט
פאַרטרויערטע אַריינגעפּאָרשט!
אין ס'האָט מיך, ווי פון טירקלטויבן אַ פּאַר'יתום'ט ברומען,
די בענקשאַפט זייערע אַרומגענומען —
איך האָב געטרונקען פון'ם זונען־כּוס
דעם טרויער פון פאַרלאָזטן גאָט —

פאַרוואָס?

**שלמה.**

איך האָב די שטראַלן אויך געזען און זייער בענקענדיקן ציטערן —
איך האָב געזען די שטראַלן וואָגלדיק זיך פּיטערן,
ווי גאָלדן־ציגעלעך אין גראָז!

אָ, מלכּה — פרעגסט: פאַרוואָס
עס האָט דיין יונגער גאָט געלויערט
אין דיינע אויגן יונג?
פאַרוואָס ער האָט ניט לאַנג אין דיין פאַרלאַנג געדויערט
און איז פאַרטרויערט אין דיין קיניגליכן שוואונג?

**מלכת שבאָ.**

פאַרוואָס?

פאַרוואָס האָסטו די פויגל דיינע אָנגעשיקט
מיט פליגלען פון דײַן לויטערן געדאַנק,
און מיר, מיין גאָט באַזיגט?

פאַרשטעלט
מיין גאָלדענע און שטראַלן־קלינגענדיקע וועלט?

כ'געדענק — —

**שלמה.**

דו האָסט פאַרדראָס?

**מלכּת שבאָ.**

איך בענק!
כ'געדענק, ווי אַלע טאָג, ווי יעדערן פרימאָרגן
עס פלעגט פון נעכט די בלויע זילבער־בלאַס,
און פון איר רויט־באַזוימטן פוטערפאַס,
אין הייליקקייט פון פרייד פאַרבאָרגן,
אין ווי אַ גאָלדן מילגרוים פול מיט קערנער פונ'ם גליק
אַראָפּרייסן די פאָרהאַנגען פון נאַכט און זאָרגן —
כ'געדענק איר ערשטן טוי'ען־בליק...
כ'געדענק, ווי אַלע טאָג, ווי יעדערן פרימאָרגן
אַרויסגיין פלעגט די זון — מיין גאָט!

**פרא אדם.**

וואָס לויבן לויבט דאָך יעדער נאַר אים!
אַ גאָט — כאַ, כאַ — וואָס האָט אין איינציקן געבאָט
פון הייס און וואַרעם... —

**מלכּת שבאָ.**

כ'געדענק, ווי ס'פלעגט צעהילכן ס'וואונדערבאַרע פליסטער
פון זיינע שטראַלן!
ווי ס'פלעגן צו דער ערד, צו זיינע פוסטריט פאַלן
די כּהנים פון מיינע טעמפּלען — מיינע פּריסטער!

אין הימל־בלוי צעוויגן פלעגט זיך דער גינגאָלדענער פאַרטאָג

א הימלען זינגענדיקער,
אַ וואונדער קלינגענדיקער —
גלאָק.
פאַרוואָס האָסטו דיין קיניגין דעם יונגן גאָט פאַרשטערט,
און צוגענענטערט צו דער ערד?
אָ, קיניג, זאָג —

### שלמה.

געשלאָגן האָט די צייט — דער וואָרער טאָג!

### מלכּת שבאָ.

און איך געדענק דעם טאָג,
וואָס האָט מיך ניט גענאַרט.
איך האָב־אים אָפּגעוואַרט
אין צאַרטן פילן —

### שלמה.

עס איז געוועזן דיין זוכנדיקער ווילן!
דאָס רופן פון אַ ווידערקול פון הימלגרייכנדיקע בערג!
גערופן האָט פון האַרץ דאָס זעלטן ווערק:
ס'ט'געהערט דיין יונגקייט שפילן;
און ווי עס צילן קלאַנגען פון אַן אומזיכטבאַרן האָרן
אין ווייטענישן, שיקנדיק צו אייביקקייט דעם קול.
און ס'ווערט ניט גאָרניט, חוץ דעם צופאַל נאָר פאַרפאַלן!
אַזוי ווי ריחות זינגענדיקע פון דער רויז פון שרון
און פון דער ווייסער בלום פון טאָל —

### פרא אדם.

עס טרעפט אַמאָל,
ווען ס'איז דער זינען שוין בכלל פאַרלאָרן —

**שלמה.**

אַזוי ווי קלאַנגען פון די מים-חיים'דיקע קוואַלן -

**מלכת שבאָ.**

כ'געדענק — איך האָב פאַרפלאָנטערט זיך אין שטראַלן..

און אונדזער בעט פון בשמים-גראָזן איז געווען גרין!
אין אויסגעטאָן פון אַלע זיבען-גלוסטן,
עס האָט דאָס פאָרגעפיל געטאָגט צעווישן מיינע ברוסטן!

צום שורש פון דער זון מיין בענקען האָט געצאַנקט,
צום מזרח, וואו זי האָט צום ערשטן אויפגעבלאַנקט
אַהין — —

**שלמה.**

דו האָסט געזוכט פון זון דעם זין:
די זון פון אַלע זונען!
זיי גליקלעך, מלכּה — און דו האָסט געפונען!

**פרא אדם.**

אפילו ניט געפּינטלט מיט אַ ברעם...
ס'איז קעגן דעם,
וואָס „אונדזער בעט פון בשמים-גראָזן איז געווען גרין"!
אויף אונדזער לשון, אויף דער שפּראַך פון שטומע
הייסט עס איינהילן די יראה אין דער טומאה...

**מלכת שבאָ.**

ווי אַלעמאָל. אויך יענעם ניט-געווייעזענעם פרימאָרגן
מיר זענען צו דער זון אַרויס
פון אונדזער הייליק הויז,
מיר זענען צו דער זון אַרויס אַנטקעגן —
און ס'האָט אַ ווייסטע שרעק די תפלות אונדזערע געוואָרגן,
אין פינצטער איז דער הימל, שוואַרץ געווען פון אַלע ברעגן,

און ס'האָט פון הויכעניש געווייט אַ שוואַרצע קעלט!

פאַרוואס האסטו, אָ, מלך וואונדערבאַרער, מיר מיין גאָט פאַרשטעלט?

פאַרוואָס איז עס אַזוי געשען!

שלמה.

דו זאָלסט דעם אמת און דאָס גרעסטע ליכט דערזען!

זאָלסט גאָט דערזען אין גלאַנץ פון זיין געצעלט!

מלכת שבאָ.

די תפלות זענען פון די טרערן אונדזערע דערשטיקט
צוריקגעפאַלן פאַר אַ פינצטער שרעק,
פאַרלאָרן זייער וועג — —

און ס'זענען מחנות פויגל, פון דיין גייסט געשיקט
אַנצאָליקע באַפליגלטע דמיונות־שאַרן,
די האַרציקע שלוחים
געבליבן אין דער לופטן שטאַרן
צעווישן זון און ערד —

און כ'האָב ניט מער — נאָר דאָס געהערט:
דיין גאָט איז איינציק — זוך אים! זוך אים!
איך האָב געהערט, ווי עמיצער באַשווערט!
איך האָב געהערט, אַרויסגעהערט דיין קול באַשערט —

און אין דעם שעלטן
פון צעשטויבטע און אין אַש געהילטע וועלטן
בין איך אַוועק
פון שרעק:
פון חרוב'ע און פינצטערע, פאַרשמאַכטע טעג!
אין וועג פון רינגלדיקן, שלענגלדיקן פלוכן
בין איך אַוועק אין איינזאַמקייט אים זוכן...

די פריסטער אַלע זענען אומגעקומען,
פון פינצטערניש אַרומגענומען —

### פרא אדם.

„פון ווענגן ליבע א׳ז זי פון׳ם ווייטן לאַנד געקומען,
און זי — זי ווייס עס ניט״...

### מלכת שבאָ.

און כ׳האָב אין לאַנגן שוואַרצן וועג פון נאַכט
געוואַכט...

וואָס האָט דער קיניג זיך פאַרטראַכט?

### שלמה.

איך האָב געטראַכט, ווי העסלעך ס׳קלינגט מיין ליד,
אַרויסגעגליטשט פון ליפּן פון דעם נאַר!
ס׳איז אָפט די סבה פון מיין צער — —

איצט גייסטו שוין אַוועק?

### מלכת שבאָ.

יאָ! כ׳גיי מיין נייעם וועג —
פון דיר געווייזן!

שוין פיר חדשים בין איך אין דיין לאַנד,
און וואָס אַ טאָג — אַלץ מערער זע איך וואונדער,
פון יעדער רגע שיינט דיין ליכטיקקייט באַזונדער.
און כ׳שטרעק צו דיר מיין האַנט.

עס האָבן זיך געמאָלדן די באַגלייטערס — מיינע ריזן,
גבורים פון מיין פאָלק, די יונגע העלדן און די קנעכט.
זיי קלאָגן זיך: איך האָב זיי זייער שטאָלץ פאַרשוועכט,
זיי ווילן שוין אהיים צוריק — פאַר קנאה...
עס האָט דער צאָרן זייערער געגלאַנצט אויף שאַרפן פון
די שפיזן...

עס האָבן אָנגעגאָסן זיך מיט סם די פיילן — —
כ׳מוז איילן...

שלמה.

עס האָבן היינט געווײנט אַזוי די שטילע האַרפֿן,
די קלאַנגען דינע, דינע.
זיי האָבן היינט געצאַפּלט און געפּלאַטערט אין די שויבן,
ווי קרבן־טויבן...
און אָפּגעווענדט מיט זייער פֿליסטערן די בלויזע שאַרפֿן—

מלכת שבאָ.

כ׳וועל פֿאָלגן דעם פֿאַרלאַנג פֿון מיינע קנעכט באַדאַרפֿן:
כ׳וועל מוזן גיין מיט זיי!
און איך וועל מיטנעמען מיין גליקלעך וויי,
און אונטער האַרץ — אָ, מלך — אויך דיין קינד!

שלמה.

ווען ס׳גייט אַוועק די זון, ווערט ערד און הימל בלינד!

פרא אדם.

אַזוי געשווינד?!

מלכת שבאָ.

די פֿיר חדשים זענען מיר געווען אַ פֿרילינג־ווינט,
וואָס האָט די שלייערן פֿון גליק געשפּינט —
עס האָבן פֿיר לבנות שוין פֿאַרשוואונדן — אָפּגעשיינט.

שלמה.

אַ שרעקלעכער באַגריף: שוין... היינט—
די אומבאַשטימטקייט... איצטער — וואָס עס איז! שוין!...
היינט!..

שוין טויזנט מאָל איז בעסער
דער פֿאַרלויף און דער נאָכלויף פֿונ׳ם מעסער,
ווי ס׳בלוטיק פּיינלעך, גרויזאַם שניידן
פֿון די ליידן!

שוין בעסער טרויער־פעדים ווייטער פלעכטן
פון פארלארענעם און אפגעקילטן נעכטן!

## מלכּת שבא.

אין דו, דו ווייסט דאָך, ווי עס האָבן מיך געצויגן די גע־זאנגען

פון בית המקדש אין פרימארגנס העל!
און דאָך בין איך געבליבן אויפ'ן שוועל:
אין קדשי קדשים ניט אריינגעגאנגען...

די זון געצויגן האָט צוריק מיט אירע צוואנגען,
די זון האָט טרויעריק געטאָן מיין זענזוכט גלעטן...

און פיר מלאכים גאָלדענע—זיי האָבן מיך געבעטן
מיט לאנגע פליגלען צו דער הייליקקייט אריין —

די זון האָט אויסגעטריקנט פון מיין טרער דעם וויין —
די זון האָט מיך צוריק צו זיך גערופן אין איר בלענד—
און ס'האָבן זיך צו איר די הענט פון קנעכט געווענדט!

זיי האָבן מיר געזאָגט:
אין אונדזער לאנד — עס טאָגט!
עס איז שוין דאָרט דער פרילינג אָנגעקומען,
עס ברומען שוין די ריחות פון די בלומען,
עס רויכערן שוין קטרת די געווירצן,

די שוועסטער אונדזערע מיט בלאנקע שירצן —
זיי גייען שוין אויף רופן פון די פרילינג־קוואלן,
זיי קלייבן שוין מיט הילכיקע, מיט פרייד־געזאנגען
די גאָלדענע צעלייגטע זאנגען
פון די שטראלן —

עס איז שוין נאָכ'ן הארבסט דעם קאלטן:
די טרויער־שורבן זענען דורך די ווינטן אויסבאהאלטן!

און כ'נעסטיקט זיך די ליבע אין די פעלזן־שפאלטן

פון גליקלעך זינגענדיקע בשמים־בערג.

דעם קול פון טירקלטויב מען הערט
אין אונדזער לאַנד שוין אויף דאָסניי.

עס איז די זון שוין אויף דער פרײַ —
זי גייט איר וועג שוין אומגעשטערט
אויף אונדזער ערד...

איך האָב געקלערט — —

## שלמה.

די ווערטער דיינע זענען, ווי דער ווילדער האָניק צו דעם גומען!

מיך האָט אַ חשד צו דיר אַרומגענומען,
צו דיר, וואָס איבערוועלטיקט האָסטו ווינט און שטורעם,
וואָס איבערמעכטיקט האָסטו מיט דיין שבח
גבורים זעכציק פון מיין פּאַלאַץ־וואַך!
וואָס אויפגעהאָנגען האָסטו הויך אויף דוד'ס טורעם
דעם פּאַנצער דיינעם פון דער זון און גינגאָלד אויס־געשמידט!

ווי עלנט ווערן וועט מיין ליד —
ווען אין דיין האַרץ דו וועסט אַוועקטראָגן די זון!

## מלכּת שבאָ.

איך האָב געקלערט — איך האָב געקלערט דערפון...
און ס'איז געוואָרן אין מיין האַרצן שווערער,
און טינקעלער געוואָרן איז מיין הויט...

דעם בית המקדש האָב איך דאָך פאַרוואָר
די גאַנצע זיבן גאָט־געבענטשטע יאָר
אין טיף פון מיין נשמה אויסגעבויט...

איך האָב געקלערט — און ס'איז געוואָרן אין מיין האַרצן שווערער:

אַלץ קלאָרער האָב איך ס'גליק געזען,
אַלץ לויטערער פאַר מיר ביזטו, אָ, האַר, געוועזן...
און וואָס אַ טאָג האָב איך געזען די לעבעדיקע שיינקייט מערער!

## שלמה.

אַזוי איז אַלץ, מיין קינד, וואָס ס'איז נאָר וואָר—
אין יעדן דור!

## מלכת שבאָ.

אָ, גאָט=געזאַלבטער לערער!
ווען כ'האָב געהערט —
ווי כ'האָט דער נאָמען פון מיין האַר געפרוכפּערט חכמה — און די פרייד געמערט —
דערזען האָב איך די זון, ווי אויסגעלערט:
און כ'בין אין שטרויכלונגען פון מיינע וועג:
געקומען פּרובן דיך — דורך רעטענישן פרעגן...

און גרויס געוועזן איז אין דיר, אָ, האַר, מיין האָפן!

מיך האָבן ביט דערשראָקן בייזע רייד,
די קללות און די שטראָפן:
דאָס לאַנד מיינס — אומגעזייט — —

## שלמה.

איך האָב די רעטענישן דאָך געטראָפן—
געמאַכט דיך זען —

## פרא אדם.

דאָס הייסט: געבראָכן זיך אין טיר און טויער אָפן
ווי אַנדערש דען?

## מלכת שבאָ.

און גרויס געוועזן איז מיין אומגעדולד און אייל,
ווי פון אַ בויגן אָנגעצויגן, ווי אַ שטראַלן=פייל

איך האָב די שווערע אומוועגן, אין איילן אויסגעמיטן!

איך האָב די ווינטן מיט מיין אימפּעט דורכגעשניטן
געקומען בין איך, ווי אַן אונטערטעניק גאַסט!
און ס'האָט דער האַסט —
געטראָגן אויף די פליגלען זיינע — מיך, ווי אויך מיין לאַסט,
דעם פלוצלונגן דעם בלויעם טרויער און מיין בענקען..

## פרא אדם.

געפונען וועמען — די געשאַנקען שענקען!

## מלכּת שבאָ.

געקומען בין איך מיט אַ גרויסן חיל,
מיט קעמלען אָנגעלאָדענע מיט גאָלד און איידלשטיינער.
אָ, מיין פאַרלאַנג איז ניט געווען קיין קליינער —

## פרא אדם.

שוין פאַר אַ מייל
אין דעם האָט ניט געצווייפלט קיינער:
געווירצן דיינע האָבן פון דערווייטנס שוין געגומען שמעקן...

## מלכּת שבאָ.

איך האָב פאַר דיר מיין האַרץ געטאָן אַנטפּלעקן,
און אַלץ פון האַרץ פאַר דיר אַרויסגערעדט...

## שלמה.

מיט ליבשאַפט דיינער אויסגעפּלאַסטערט איז געווען מיין בעט.

דיין יוגנט האָט זיך אין מיין פרייד געשפּיגלט,
און כ'האָב דיך צו מיין האַרצן צוגעזיגלט —

ווי ווייט דער טאָג פון פרייד איז פון מיין האַרץ אַנטרונען!
ווי ניט געוועזן קיינמאָל דאָרטן —
און כ'בין אַצינד, ווי אַ פאַרשלאָסן גאָרטן.

און ווי אַ קוואַל אַן אָפּגעשטעלטער, אַ פאַר׳חתמ׳עטער אַ טיפער ברונעם —

## מלכת שבא.

ביז כ׳האָב דיך אין מיין זוכן אויסגעפונען —
ווי לאַנג איך האָב נאָך דיר, אָ, האַר, געלויערט!
אין קרומע וועגן, אין די דערנערדיקע וועגן פון די זאָרגן
האָסטו באַקרוינט מיך מיט דער זון פון אַלע זונען,
ווייל ס׳איז, אָ מלך, גאָר ניטאָ קיין זאַך, וואָס זיין זאָל׳ס
זיין פאַר דיר פאַרבאָרגן!

ס׳ט׳ניט לאַנג געדויערט —
דו האָסט אַנטפּלעקט מיר מיין פרימאָרגן,
און ווי אַרויסגענומען זיין געהילטקייט פון אַ שויט — —

דערנאָך האָב איך געזען דיין הייליק הויז געבויט —
די גאַנצע חכמה דיינע אין איר גלאַנץ און גרויס:
דיין הייליק הויז...
און ווי אַ וואונדער האָט מיך אומגעהילט, אַרומגענומען,
און ווי מיין האַרץ וואָלט מיר פון פינצטער שייד אַרויס —

עס האָט אין מיר די שיינקייט אָנגעהויבן ברויזן, ברומען,
ווי לייבן און די לעמפּערטן פון בערג
באַזואונדערט וואָלטן גאָט׳ס דורך דיר געהייליקט ווערק!
עס האָט זיך, ווי אַ קווייט צעלאָזט מיין ווילן,
און אויפגעעפנט זיך, געגליכן צו אַ בלום פון טאָל!

און פון דער ליבשאַפט אונדזערער באַטרונקען:
פון שטאַרקן זיסן חיין פון די געפילן —
דו האָסט מיך אויסהערן געלאָזט דיין קול!

## פרא אדם.

ס׳איז מיר ניט קלאָר, אויף וואָס האָט זי געוואונקען?!

## מלכת שבא.

און כ׳האָב געזען, און איך געגאָסן פון די שפייזן פון די טישן,

פֿון דיינע טישן אויסגעקליבט דעם ווײַן דעם פרישן —
דעם אַלטן און דעם נײַעם,
און כ'האָב געזען די שטאָט פֿון גאָט און אייביקקייט —
ירושלים,
און כ'האָב געזען, ווי ס'האָט געגריפּט דער ווײַנשטאָק
פֿונ'ם גליק דער גרינער;

איך האָב געזען די אויפֿפירונג פֿון דיינע דינער,
און נאָכגעפֿאָרשט די וואוינונגען, און די פֿאַרלאַנגען, און
די רעכט
פֿון דיינע קנעכט,
ווי אויך די צירונגען — די פֿרייד פֿון קליידער,
און זייער סדר...

איך האָב געזען, און אויך געגאָסן פֿון דיין הייליקן גע-
טראַנק:
פֿון דיין באַפֿליגלטן און תמיד פֿליענדן געדאַנק!
איך האָב די עולות אויך געזען, וואָס דו האָסט אויפֿגע-
בראַכט
אויף דעם מזבח פֿון דער זינגענדיקער פּראַכט
אין הויז אין אויסגעטרוימטן. פֿון דיין האַר!

## פרא אדם.

און איצטער קניט פֿאַר דיר אין ערעפֿורכט דער נאַר,
וואָס איז אין תמימות פֿון דער חכמה ריין!
און איצטער קני איך פֿאַר דײַן שיינקייט — איך אַליין!
ווייל שיין ביזטו, ווי אויף אַ פּאַרמעט-בלאַט באַשריבן...

## מלכת שבאָ.

און ס'איז מיר מער, חוץ דיר קיין גייסט געבליבן,
ווייל אויסגעזויגן האָט מיין האַרץ — די לוסט,
דעם מאַרך און הייסן בלוט פֿון ברוסט —
מיין אומערוואַרטיקט ליבן!..
און כ'האָב צום מלך און צו דיר, מיין האַר, אַזוי געזאָגט:

אַז די חלומות, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט,
אַז אַלץ, וואָס ס׳טראָגט אויף זיך די גאַנצע ערד
אַז אַלץ, וואָס כ’האָב פֿון דיר אין לאַנד אין מיינעם אויסגעהערט,
אַז אַלץ איז אמת, נאָר געמינערט איז דער ווערט!
אַז אַלץ, וואָס כ’האָב געהערט איז נאָר אַ חלק
פֿון גרויסקייט דיינר, מלך שלמה, וואָס איז וואונדערבאַר אין הייליק!

די אַלע רייד —
וואָס זענען אין דער גאָרער וועלט פֿון דיר פֿאַרשפּרייט,
איז נאָר פֿון ווערט פֿון זייער’ן אַ העלפֿט!
איך האָב עס מיט די אויגן מיינע אָנגעזען,
איך האָב עס אָנגעקוקט,
און פֿאַר דיין שיינקייט, וואָס איז איינציק ווי דיין גאָט, וואָס שטראָפּט אין העלפֿט,
האָב איך מיין קרוין געבוקט —

אין כ’האָב צום ערשטן מאָל געזען אַ נס געשען
מיין ליבשאַפט! אָ, איך ווייס ניט ווי אין ווען
איך האָב פֿון זיך דעם קערפּער־שלייער אָפּגעדעקט
און זיך צו ליבשאַפט און צו פֿרוכפּערדיקקייט אויפֿגעוועקט!

און זאָל געבענטשט זיין גאָט דער איינציקער, דיין האַר,
פֿאַר אַלץ, פֿאַר יעדער פֿרייד, ווי אויך פֿאַר איטלעך מענטשן־צער,
און זאָל געבענטשט זיין גאָט, וואָס האָט אונדז אין זיין ווייט געהערט,
וואָס האָט אין דיר אין מיר באַגערט — .
און דיר געשענקט דעם מלכות־שטול!..

# שלמה.

אין אַלע ווינקלען, און אין אַלע שפּאַלטן איז זיין הערשאַפט פֿול!
מיר שגילן זיך אין לעבן און אין טויט:

אין רייכטום און אין נויט
אויף דר'ערד — אין שאָטן פון זיין שויס!

## מלכּת שבאָ.

ווי אויסדערוויילט דיין גאָט איז און ווי גרויס!
ווי נישטיק איז דאָס גאָלד, און דאָס געווירץ, די איידעל־שטיינער,
און יעדער טאָג און נאַכט,
אויף דעם מזבח פון דער ליבשאַפט, וואָס איך האָב געבראַכט!

ווי נישטיק איז דער ווייסער גלאַנץ פון העלפאַנט־ביינער
אַנטקעגן דער נבואה, פון דער אומגעריכטער פרייד,
אַנטקעגן שטראַלנדיקן לויב־געזאַנג פון ליבשאַפט־רייד,
וואָס פאַלן ווי דער טוי פון חיות אויף אַ בשמים־בייט!

## שלמה.

עס ווייט אין מיר און פיינט דאָס אינגעווייד,
ווי אויף אַ שיידוועג וואָלט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט —
מיין ליכט־געבענטשטע וועלט.

עס זענען אויפגעבראויזט אין טרויער אַלע טיפן.
עס טראָגן זיך פון אופיר מיינע שיפן —
מיט גאָלד און איידלשטיינער אָנגעלאָדן.
דער ים פון בלוט האָט אין אַ צאָרן אויפגעזאָדן
אין גרימצאָרן, וואָס איז—דער טרויער דער געהיימער...
עס פירן שיפן פון דעם פרעמדן לאַנד די קרעלן־ביימער,
אין ס'היטן זיי פון די גבורים מיינע יונגע וואַכן!

אוי, פון דעם קרעלן־האַלץ וועל איך זיך לאָזן מאַכן
אַ הויך געלענדער צו דעם הויז פון האַר!
און אויף פאַר זיך פאַר די זכרונות מיינע אַ געלענדער,
צו וועלכן קימען וועט דער וויי און צער
דעם קאָפּ פאַרבויגן!
זיך פאַרנויגן —

קומען וועט די איינזאַמקייט פֿון אַלע לענדער!.

אוי, פֿון דעם קרעלן־האַלץ וועל איך זיך שניצן לאַזן
די האַרפֿן טרערנדיקע, און די אומעט־פֿלייטן;
אויף זיי מיין בענקענדיקע ברכה וועל איך שפּרייטן,
און לאָזן אויף די פֿלייטן די נגונים מיינעטוועגן ווייניטן בלאָזן!

און לאָזן די נגונים מיינעטוועגן אויף די האַרפֿן
די קאַלטע פֿינגער פֿון די ווינטן אויף די סטרונעס וואַרפֿן!..

אָ, מלכּת שבאָ!

## מלכּת שבאָ.

און ס'האָבן זיך צו מיר די הענט פֿון קנעכט געווענדט,
ווי אָנגעשטרענגטע פֿליגל פֿאַר'ן פֿליען...

דער פּירפּור פֿון דער זון האָט אויפגעברענט
אין זיי! זיי האָבן מיר געזאָגט,
אַז ס'רופֿט דאָס לאַנד!.. די בוימער שטייען שוין געלאָקט!
עס הויבן אָן די ווייַנגערטנער צו בליען,
ס'באַציען זיך מיט בליעכץ־שלייערן די צווייגן —

## פרא אדם.

די פֿייגנבוימער ברענגען שוין אַרויס די פֿייגן.

## מלכת שבאָ.

אין שווייגנדיקע שטייען אויסדערוויילטע טענענבוימער,
באַדעקט די קעפּ מיט טוי פֿון דעם דערוואַרטן
דעם זילבערנעם, דעם צאַרטן —
און הילכיק איז דער ריף! דאָס פֿירט אַהיים ער:
די בלומען — די געווירצן, זאַפֿרען, קאַלמוס, צימערינגען
מיט ריחות פֿון דער זון דערוואַכט,
מיט טראָבן פֿון דער אויסגעלאָזטער נאַכט
מיט זייער דערכזיכט זינגען!

עס טריפֿן אײלבירטן מיט גאָלדענעם, מיט שמעקנדיקן אײל.
עס ברומט די טויב אין טויבנשלאַק.
עס גליטשט זיך שוין אַרויס די שלאַנג, פֿון הייל.
עס בליט דער פֿרילינג־קוש אויף יעדער מיידלס באַק.
און ס׳טריפֿן דעם געזאַנג, ווי מור פֿון דינע פֿינגער,
באַוועגט פֿון שפּילנדיקע פֿינגער פֿונ׳ם זינגער —

שלמה.

כ׳בין, מיט אַ וועלט געוועזן יינגער;
געקומען אין דיין יוגנט אָפּן!..
די שאָטנס פֿון דער עלטער זענען ווייט פֿאַרלאָפֿן:
עס האָט דיין יוגנט אויפגעזונגען!

און ווי די הירשן אויף די בערג פֿון בתר
האָט דאָס בלוט אין אָדערן,
אין זוניק פֿאָדערן
געשפּרונגען...
און ווי די הירשן אויף די בערג פֿון בתר
געפּיטערט האָט זיך מיין פֿאַרלאַנג,
און אין אַ געטלעכן געזאַנג
געבויט האָט הויך אַ שלאָס ער
פֿון טרוימען־צעדערן פֿון באַרג לבנון!

פֿאַר וואָס׳ער זינד איז די געזעגענונג באַשערט?
דאָס שיידן זיך פֿון מענטש און מענטש – דאָס שיידן זיך פֿון פֿריידן,
נאָך הייליקקייט פֿון דעם דערקאָנען? —

מלכת שבאָ.

די קנעכט — זיי מאָנען!
עס רופֿט מיך זייער כּלל — די פֿליכט.
אָ, מלך, ווי ס׳איז בלאָס אַצינד דיין אָנגעריכט!

שלמה.

זיי זענען טויזנט מלכות, און די קעפּסווייבער ביי מיר געווען,

און יונגפרויען האָב איך אָהן צאָל, אָהן שיער געזען —
די אויסדערוויילטסטע ווייבער
מיט פרוכפּערדיקע, אָנגעווירצטע בשמים־לייבער,
קיין איינע איז געווען, ווי דו —

## מלכּת שבאָ.

איך האָב געשטערט דיין רו,
און מיינע אויסגעפּונען!

די פּאַנצערס דיינע גאָלדענע — די זיבן־זונען
אויף זיי האָב איך מיין בענקען אויפגעהאַנגען!
געבענטשט בין איך—איך האָב געקאָנט צו דיר דערלאַנגען;
מיט כשוף פון פאַרלאַנגען אין די נעכט געבליכט
האָב איך דיין קיניג־שטול דערגרייכט!
צו דיר אַריינגעשליכט, און דיין געלעגער דיר באַשטראַלט

## פּרא אדם.

עס האָט אַ גאָלדן־קייט זיך אָפּגעריסן —
דאָס געוויסן:
דער פאָרהאנג פאַלט...

## שלמה.

און ס'איז מיין גאָט דער איינציקער געוואָרן שענער!..
נאָר באַלד... ווי די חילות פּירכטערלעכע מיט די פענער,
עס זענען איצטער די געדאַנקען!
זיי צווייפלען און זיי שוואַנקען!
דער פייער — אויף דעם קרבן אָנגעצונדן —
איז פאַרשוואונדן...
און ס'שלענגלט זיך אין ווייטן הויך
דער טרויער נאָר — דער גרויער רויך!..

## מלכּת שבאָ.

עס גייען מיינע קנעכט אַוועק! איך — אויך!

### פרא אדם.

אָהן כּומל!
וועט פעלן איינע נאָר צום רומל —

### מלכּת שבאָ.

און כ'האָב דיר די מתּנה פֿון פאַרענטפּערונג געבראַכט
אויף רעטענישן דריי.

### שלמה.

אויף אַלע דריי?
זאָלסט האָבן נאָר געטראָפן, הלואי,
אין דער באַהעפטונג זיך מיט מיר!

### פרא אדם.

געקומען פּותר זיין אויף רעטענישן דריי?
אין איך וואָלט אַנדערש אָפּגעמאַכט —
אַז קומען שוין, זאָל זיין, כע כע אויף אַלע פיר...

### מלכּת שבאָ.

אין פילן האָב איך, ווען דיר געטראַכט!
און דורך געפיל דעם אמת אויסגעפונען:
ווי אויף אַן אויבערפלאַך פֿון דעם געדאַנקען־ברונען,
ווי ווערטער פֿון נבואה און דערקענונג זענען זיי אַרויס־געשוואומען,
און ס'האָט אַ פרייד מיך אַרומגענומען...

איך וועל די ווערטער ברענגען אויף מיין גומען:
די גרעסטע שאַפונג פֿון דעם מענטש איז גאָט...
דער מענטש איז דאָך דער גרעסטער סוד!
און ביידע: גאָט און מענטש איז אחד־וואונדער,
וואָס קען ניט ווערן אָפּגעטיילט באַזונדער!..
ווי גליקלעך בין איך: כ'בין צו דער דערקענונג אויס־דערוויילט!

### שלמה.

דו ביזט געהיילט!
דו וועסט צו הירשן פון די בשמים־בערג געגליכן ווערן,
וואָס יאָגן זיך נאָך פאַלנדיקע שטערן! —
און איך — איך וועל דעם ווידערקול פון דיינע פיסטריט הערן
אין אומבאַקאַנטן וועג!..
דו ביזט די ערשטע, וואָס דו גייסט פון מיר אַוועק!

### מלכת שבאָ.

איך גיי אַוועק אַצינד!
און אונטער האַרץ ביי מיר איז אימרואיק דיין קינד!
איך גיי אַוועק אין לאַנד אין מיינעם שוין צוריק.
איך גיי אַוועק מיט גאָט — באַזונט פון גליק!
איך טראָג עס צו מיין לאַנד!..
און זאָל מיך האַלדן איצט דיין רעכטע האַנט —

### שלמה.

געבענטשט זאָל זיין, יער גאָט געפינט!

(זיי באַהעפטן זיך אין אַ לאַנגן קוש. דאָס געזאַנג פון די לויים דערנענטערט זיך, און **די שקלאַפין** טאַנצט דעם אויס־גאַנגלאָזן געזעגענונג-טאַנץ).

### פרא אדם.

און מיך וואָס אַרט עס אַלץ? כ'בין פריילעך מונטער —
איך ווייס עס שוין פון אַלטע צייטן:
כ'איז אַלץ הבל הבלים — נאַרעשקייט פון נאַרעשקייטן!
די זון שיינט אויף, און ס'גייט די זון דאָך אונטער!..

לאָדוש, 1920.

